# די אײנוואוינער פון די ימים

פון י. נאיאגרידסקי.

פארלאג
„קולטור-ליגע"
ביאליסטאק
1920

# די איינוואוינער פון די ימים.

אין תהום פון ים.—די גרויסע אַרבעט פון קליינע ברואים — נאַטור־ערשאַפט ביי די ים־בעלי־חיים.— אוצרות אויפן ים־גרונט.—אויף דער ים־גבה פון פיש.— ים־רוזן.

## I. אין תהום פון ים.

אין לאנד פון איביקן חושך און קעלט. א מאל האט מען געמיינט, אז דער אקעאן האט ניט קיין גרונט, אז דאס איז א מוראדיקער תהום. היינט ווייסט מען שוין, אז אלע ימים און אקעאנען האבן א גרונט. דער טיפסטער פון אלע ימים איז דער גרויסער אקע־אן, וואס האלט אין איין אָרט 9 וויאָרסט אין דער טיף.

אויב מען וועט צוויי טויזנט דרייסטאָקיקע טויערן אַרויפשטעלן איינעם אויפן אנדערן, וועלן זיי צוזאמען קוים האלטן 9 וויאָרסט. היינט שטעלט זיך פאר וואס פאר א געוואלדיקע טיפע־ניש דארף דאס זיין אין גרויסן אקעאן.

ניט קיין וואונדער, או אין די טיפע טיפע־נישן פון אָקעאן איז נאָר אנדערש, ווי אינדערהויך.

אינדערהויך, אויפן אויבערפלאך פון וואסער, קען זיין א ליכטיקער שיינענדיקער טאָג—אין ים אָבער הערשט אן אייביקע נאכט. אינדערהויך קען די זון בראָטן און כמאליען—אין ים איז א שטענדיקע קעלט. אויבן קען שטורעמען דער ווינט, אלין קען רויש און קנאקן—אונטן איז שטיל, ווי אין א קבר.

פארוואָס?

דערפאר, ווייל די שטראלן פון דער זון גייען לייכט אדורך די לופט, אָבער דורך וואסער—זייער שווער. זיי קענען אריינדרינגען אין ים אויף 200—250 קלאפטער. נידעריקער פון 250 קלאפטער דערגייט שוין קיין איין שטראל ניט; דאָ הערשט אן אייביקער חושך. ס'איז פינצטער, ווי אין דער שווארצסטער נאכט.

קלאָר איז: וואוהין ס'דערגייען ניט די זונ־

שטראלן מוז זײַן זײער קאַלט. באמת טאקע. וואָס טיפער אין ים ווערט אַלץ קעלטער און קעלטער. נידעריקער פון 4 וויאָרסט האָט דאָס וואַסער 0°, ד. ה. אז ס'איז קאלט, ווי אײַז. דאָ, אין די טיפעניש פון ים, איז ניטאָ ניט קײַן פרילינג, ניט קיין זומער. דאָ איז אַ שטענדיקע קעלט.

אהערצו דערגײט ניט קײַן קלאַנג פון אויבן, קײַן שאָרך. שטיל איז דאָ ווי אין אַ קבר. און ווי אין אַ קבר איז דאָ פינצטער און קאַלט.

**אַ שפאַציר אויפן ים־גרונט.** אפשר ווילט איר זיך אַראָפּלאָזן אין לאַנד פון חושך, קעלט און וואונדערבאַרע חיות?—יע, אָבער ווי?—ס'איז דאָ אַן עצה. מיר וועלן ווערן וואַסערקריכער.

איידער מיר לאָזן זיך אַראָפּ אויפן גרונט דאַרפן מיר אָנטאָן ניטעגע קליידער, הויכע שטיוול מיט בלײַערנע פּאָדעשוועס, א מעטאַלענע שאכטל אויפן קאָפּ. דאָ האָבן מיר דיקע גלעזער פאַר די אויגן און אַ רערל צום אָטעמען. פאַרגעסט ניט דעם עלעקטרישן לעמפּל, דעם

מעסער הינטערן פאַס... איצט זײַנען מיר גרייט...

פּאַמעלאַך לאָזן מיר זיך אַראָפּ אין בלויען ים אַרײַן. ס'װערט ניט גוט, דער קאָפּ נעמט זיך דרייען. פעסטער האַלטן מיר זיך אָן שטריק. ס'איז גענוג אַ צי מאָן, אונדערהייך וועט נעמען קלינגען און מען שלעפּט אונז אַרויס צוריק...

מיר פאַלן אַלץ טיפער, טיפער...

אָט פאַרשווינדט דער בלויבער מאַנשטין. אַ וואונדערבאַרע בליקײַט איז אַרום אונז. און דעם פאַרבשופּטן שײַן באַווײַזן זיך פאַר אונזערע אויגן די וואונדער פון דער אונטערוואַסערדיקער וועלט. מיר קוקן און שווײַגן און ווייסן ניט, וואָס פריער צו באַוואונדערן.

נאָר שאַ!... וואָס פאַר אַ ברואים שווימען דאָרט?

אנדערע זײַנען גרויס, ווי אַ שוואַם, אַנדערע,—ווי טעלער. גרינבלויע, געלבלאַך־רויטע, ווײַסע ווי מילך, אָדער דורכזיכטיקע ווי לופט, שווימען זיי אַהין און אַהער. דאָס זײַנען **מעדוזעס**, ים־שוועסטער.

מיר האָבן זיך פאַרקוקט אויף די ״עבעדיקע שירעמלאַך און ניט באַמערקט, אַז ס׳װערט פינס־טערער און קעלטער.

אָט באַהאַלטן זיך שוין מײַערקעפלאַך מיט די צונױפגעדרײטע מושלס. די מײַערקעפלאַך האַלטן זיך טיף אין ים, אַ סימן, אַז דער גרונט איז נאָענט.

ס׳װערט אײנגאַנצן פינצטער. מיר צינדן אָן די לעמפלאַך. איצט שטײען מיר אױפן ים־גרונט צװישן נידעריקע רױטלאַכע קוסטעס, װאָס זײַנען געראָטן אין פלאַנצן. בױגט זיך אײן, פרובירט אָראָפרײַסן אַזאַ קוסטל. ער האַלט זיך װאונדער שטאַרק. װאָס איז דאָס? עפּעס אַ גרױסער שװאַם מיט אַ װײַסער הויט באַדעקט. דאָס זײַנען ים־שװאָמען. קוקט,—זײ פאַרנעמען אַ היפּשן שטח.

צװישן די ים־שװאָמען געפינען אַ מקום־מנוחה פיל אַנדערע װאונדערבאַרע ברואים.

אָט ליגט אַ משפּחה **ים־שטעכלערס**— קלײנע פּעסעלאַך, באַדעקט מיט נאָדלען. אָט קריכן אַרום **ים־שטערנס**, פינפשטראַליקע,

פּילפּאַרביקעָ ברואים, וואָס זיינען געראָטען אין שטערנס.

אָט דאָ אויפֿן בערגל ליגן ראקעס, אָבער נאָר אַנדערע, אַזעלכע ווי די ראקעס פֿון אונזערע טייכן. די האָבן גרויסע ריזיקע אויגן, די אנדערע זיינען איינגאנגען בלינד.

וואַסער... די צייט איז קורץ... מיר דאַרפֿן אלץ באטראַכטן.

קוקט, קוקט! א וואונדער! א פֿייערל אויפֿן ים־גרונט. נאָך איינער. א גאנצער הויפֿן בלויע פֿייערלאך, וואָס זיינען געראָטן אין שטערנדלאך, וואָס באָדן זיך אין וואסער.

מיר נייען צו נעגעטער. א גאנצע מחנה קליינע ברואימלאך, וואָס לייכטן, א שטייגער, ווי אונזע־רע לייכטווערימלאך און שווימען אין בלויען לבנה־שיין.

אָט שווימט א גרויסער קאַפּפּיסלער. זיין גאנצער קערפּער איז באדעקט מיט בלייכע בלוילאכע לעמפּעלאך. ער שווימט און באלייכט זיך אלײן די וועג. ס'ווערט ליכטיק און מיר פֿארלעשן אונזערע עלעקטרישע לעמפּלאך.

אָט שווימט אַ פיש מיט אַ בינטל הערעלאך אויפן מויל, וואָס ליכטן ווי ליכטעלאך אין פינסטערן ים-תהום. דאָרט אַפּלט זיך ערגיץ אַ גרויסער פיש, וואָס טראָגט נאָר אײן לעמפּל אויפן שטערן. אָט איז אַן אַנדערער מיט צווײ פלעקן אונטער די אויגן. פון פאָרנט גיבן זײ אַרויס אַ רויטן שײַן, פון הינטן—אַ גרינעם.

אַהאַ! איצט פאַרשטײען מיר צוּוואָס אַנדערע אײַנוואוינער פון די טיפע ימים דאַרפן האָבן אויגן? זײ דאַרפן האָבן אַ ראיה, ווײַל זײ האָבן אײגענע ליכטיקײט, ווײַל זײ קענען שײַנען אין דער אײביקער פינסטערניש פון אײביקן קאַלטן אָקעאַן.

פאַרוואָס אָבער זעען מיר נאָר בעלי-חיים? וואו זײַנען די פלאַנצן?

טיפער פון 250 קלאַפטער געפינען זיך אין ים נאָר בעלי-חיים. פלאַנצן קענען דאָ ניט לעבן, ווײַל זײ נויטיקן זיך אין זונענשטראַלן.

און דערפאַר טאַקע, פירן די ים-בעלי-חיים א רויבערישן שטײַגער לעבן, און מין בעלי-חיים שפּײַזט זיך מיטן אַנדערן. די גרעסערע פאַר-צוקן די קלענערע און נאָר די קלענסטע לעבן פון די פוילנדיקע פּגרים, וואָס פאַלן אַראָפּ אויפן ים-גרונט.

אין די אײביק פינצטערע, קאַלטע און רואיקע טיפענישן פון ים פירט זיך א פאַרביסענער קאַמף, א ביטערע מלחמה צווישן די כל המינים ים-בעלי-חיים...

ס'איז צײַט. מען דאַרף זיך אומקערן. מיר טאָרן ניט צו לאַנג פאַרבלײַבן אונטערן וואַסער.

מיר דאַרפן פאַרלאָזן די וואונדערשײנע כישוף-לאַנד, וואו חיהלאַך באָדן זיך אין לבנה-שײַן, און פיש טראָגן לעמפּעלאַך אויפן שטערן,—מיר דאַרפן זיך געזעגענען מיט די תהומען פון ים.

## II. די גרויסע ארבעט פון קליינע ברואים.

די קלענסטע בעלי־חיימלאַך אויף דער ערד. אויף זיי האלטן זיך מאָסקווע, פאריזש און בערלין. און יב־וואסער לעבן פּיטשינקע ברואימלאַך, וואָס זיי קען מען זען נאָר דורך א מיקראָסקאָפּ. זייער קערפּער איז אן איינ־פאַכער פּיצל שלים. אָפט איז ער באדעקט מיט אַ שאָלאכצל, וואָס באַשטייט פון קאַלך אָדער קיזלזייער. די שאָלעכלאך פון די קליינינקע ברואימלאַך זיינען געראָטן און מושלם פון מייער־קעפּלאך, נאָר אין פיל טויזנטער מאָל קלענער. אָפט אין די שאָלאַכצן זיינען דא קליינע שפּעל־טעלאַך, דורך וועלכע ציִען זיך ארויס פון קערפּער פעדימער, א שטייגער, ווי הערעלאך. זיי דינען צו פאַרכאַפּן שפּייז.

מחמת די הערעלאך זיינען גֶעראָטן און וואָרצ־

לען, רופט מען די קלײנע ברואימלאך—**װאָרצל־פיסלער.**

די װאָרצלפיסלער האָבן און פאַרמערן זיך מיט א מוראדיקער שנעלקייט. אין אפאר מינוט צוטיילט זיך איין װאָרצלפיסלער אויף דער העלפט און ביידען צוויי, פון צוויי װערן פיר, פון פיר—אכט. אין א פאר שעה קענען אנטשטיין מיליאָנען נייע װאָרצלפיסלער.

אויב קיין זאך װאָלט ניט געשטערט, װאָלטן די װאָרצלפיסלער פאַרפולט אונזערע ימים און אקעאַנען. פאר אנדערע בעלי־חיים װאָלט ניט געבליבן קיין אָרט.

דאָס קומט אָבער ניט פאָר. די װאָרצלפיסלער האָבן פיל שונאים און מניעות אין לעבן. זיי שטארבן מיליאָנענווייז און פאלן אראָפ אויפן ים־גרונט.

פון װאָס, מיינט איר, באַשטייען די ברעגעס

פון ניעמאן, דער באָדן פון ליטע, די אלפּן-בערג אין באלקאנען?

— מאקע פון די דאָזיקע װארצלפּיסלער. דער ים איז ביסלאַכװײַז געװאָרן צו יבשה און די בױמע װאָרצלפּיסלער האָבן געבילדעט געשטײַנער(¹)

כמעט אלע הײַזער אין פּאריז, זײַנען געבױט פון שטײַנער, װאָס זײַנען געװאָרן פון װאָרצלפּיסלער. װי בילדן דעם באָדן פון מאָסקװע און בערלין, פון זײ זײַנען געבױט די פּיראמידעס אין מצרים.

## קאראַלן, קלײנע ברואים, װאָס בױען אינזלען און פעלזן.

איר האָט אודאי געזען קאָראַלן? אָט די רױטע צָרער װײַסלאַכע הארטע קאלכשטײַנער? מענשן פּאלירן זײ און טראָגן אין אױרינגלאך, בראסלעטן און האלזבענדער.

(¹) װי אזױ דאָס קומט פאָר איז גענוי דערצײלט אין בּיכל „ים און יבשה". —

צו הייבט איר אז די ראָזיקע קאראַן שטאַ-
מען פון טיפן אָקעאַן? אויפן גרונט — פון אָקעאַן
וואַקסן וואונדערשיינע קאראַלענע וועלדער.
די שוואַרצע צווייגן פון די ראָזיקע שטיינערנע
בוימער פלעכטן זיך איבער מיט די רויטע, ווייסע
און גרינע, שווער איז זיך פאַרצושטעלן די פאַר-
שיידנאַרטיקע קאראַלן, דאָ זעען זיי אויס, ווי
הויפנס אָנגעוואָרפענע שטיינער, דאָרט — ווי
שלאַנקע צווייגן און בלעטער.

נאָר וואונדערבאַרער פון אַלץ איז, וואָס די
ראָזיקע קאראַלענע וועלדער, האָבן אויפגעבויט
קליינע הייזלעך — **פּאָליפּן**. מאָדנע ברואים זיי-
נען זיי, די פּאָליפּן, זיי האָבן נאָר א מויל און
א מאָגן. דער מאָגן איז א זעקעלע, דער מויל
איז פון אויבן מיט א בינטל שטראַלן אַרום. אָט
די שטראַלן זיינען פאַר'ן פּאָליפּ, ווי פאַר אונז
הענט.

דער פּאָליפּ װײסט ניט און הערט ניט. ער קען זיך צומאָל ניט רירן און איז תּמיד באַפֿעסטיקט צו איין אָרט. אין א גוטן װעטער צעשפּרייט ער זיינע הענט־שטראַלן און װאַרט ביז דער ים װעט צוטראָגן צו זיין מויל קליינע בעלי־חיימלאַך. דאַן פֿאַרבויגן זיך די שטראַלן און די קליינע קרבנות פֿאַלן תּיכּף אַריין אין פּאָליפּס מאָגן.

ס'שיינט, אז דער פּאָליפּ איז אינגאַנצן שוצלאָז, ס'איז אָבער לחלוטין ניט ריכטיק, אדרבה, ער פֿאַרטיידיקט זיך אויסגעצייכנט קעגן פֿאַרשיידענע סכּנות. איר קענט אים אַריינװאַרפֿן אין הייסע װאַסער אָדער אין אייז, איר קענט אים אָפּשניידן זיינע הענט, דעם פּאָליפּ אַרט דאָס װייניק, שנעל קומט ער צו זיך, און די הענט װאַקסן אָן פֿון דאָס ניי.

אין א באַשטימטער צייט באַװייזן זיך אויפֿן פּאָליפּס קערפּער קליינע בערגעלאַך, פֿון װעל-



1. א קאלאניע פאליפן.

בע ב'וואקסן ארוים
יונגע פאליפלאך. די
ראזיקע פאליפלאך
זיינען פאראייניקט
מיטן קערפער פון
מוטער-פאליפ און
יעדער איינציקער
פון זיי געפינט
זיך אין א קארא-
לענעם שטיבעלע,
וואס איז געמאכט
פון קאלך. דער
קליינער פאליפ
וואקסט אונטער און
אויך אויף זיי-
נע זייטן אנטוויק-
לען זיך קליינע פא-
ליפלאך מיט קא-
ראלענע שטיבע-
לאך.

זײנען א קונדערשפּילכל, און פֿארגלײך מיט די אױפֿטוען פֿון די קלײנע ברואים־פֿארופֿן.

## III. נוטברודערשאַפֿט בײ די ים־בעלי־חיים.

א ים רויבער, װאָס איז געראָטן אין א בלום. ניט אלע פֿאַליפּן לעבן מחנותװײז אין גאנצע קאָלאָניעס. ס'זײנען דאָ אזעלכע צװישן זײ, װאָס װילן זיך ניט הערן מיט זײערע ברידער. אײנזאם לעבן זײ אױך א ים־פֿעלד. אָט די פֿאַליפּן רופֿט מען ים־רײזן.

דאָס זײנען װאונדערשײנע ברואים, װאָס זײנען געראָטן אין בלומען. זײערע פֿארבן פֿארבי־שוסן ממש דעם צוקוקער; ס'גלוסט זיך אױסציען די האנט און אָפּרײסן דעם שײנעם בלומל.

נאָר היט זיך! די ים־רויז האָט א בלי־זין.

בעסער וויסט איר ניט, קוקט זיך צו, צו דער ים-רויז, און איר וועט זען, אז דאס איז א בעל-חי, וואס האט קליינע ראקליך, מייער-קעפלאך און וואָרצלפיסלעך און פירט זיך אויף מיט א מוראדיקער שנעלקייט.

אָט שאָקלען זיך אירע שטראלן אין דיאינקוים-וואסער. זיי זעען אויס אזוי אומשולדיג, און דערוועקן ניט דעם קלענסטן חשד ביי די קליינע ים-ברואים.

א קליין מייערקעפל שווימט פארביי די שטראלן, — ער פילט אינגאנצן ניט די גרויסע סכנה. מיט-אמאל דערלאנגען זיך א פאר שטראלן פון דער ים-רויז א וואָרף אויפן מייערקעפל. זיי ברייען אים אָפּ, ווי מיט קראָפּיווע, ער פאלט א פאר-חלשטער. די ים-רויז קארטשעט איין אירע שטראלן-הענט און בליצשנעל פארשווינדט איר קרבן אין אָפענעם מויל פון ים-רויבער, וואס איז געראָטן אין א שיינעם ברוט.

**דער ראַק—דער געפּאַנצערטער ים-רויבער.** אין ים זײַנען פֿאַראַן כּל המינים ראַ-קעס: גרויסע און קלײנע, שטאַרקע און שוואַכע. נאָר דער װאונדערבאַרסטער פֿון זײ—איז דער **ראַק—דער-נזיר.**

אַזױ רופֿט מען אים, װײַל ער לעבט ניט בשלום מיט זײַנע ברידער—אַנדערע ראַקעס, נאָר איטלעכער פֿון זײ טײַט זיך אָפּ באַזונדער און פֿירט א לעבן פֿאַר זיך.

דער ראַק—דער נזיר איז א ים-רויבער, א גזלן און א געװאַלדיקער בעכן דערצו.

דער פֿאָדערשטער טײל פֿון זײַן קערפּער איז באַשיצט מיט אַן האַרטער פּאַנצערהויט און מיט אַ פּאָר לאַנגע שטאַרקע צװאַנגען. װאָס זײַנען גע-ראָטן אין שערן.

באַװאָפֿנט מיט דעם אַלעמען באַפֿאַלט דער ים-רויבער אַלע שװאַכערע בעלי-חיים. אין זײַן מויל פֿאַלן אַרײַן מיטערקעפּלאַך, קלײנע פֿישלאַך,

ים־טובים און בײַ המינים קלײנע ראַקלאַך־
קרעכעצן.

אָבער די אַלע בראַויטלאַך זײַנען נאָר ניט קײן שטאַרקע בעלנים אַרײַנצופּאַסן אין דאַקט צווישנס. זײ קענען ניט זײער שונא און וויכן, אַז דער ראַק דער נויר איז באַוואַפנט נאָר פֿון פֿאָרנט, אָבער פֿון הינטן איז זײַן קערפּער ווײך און ניט באַשיצט.

דאָס נוצן מאַכט אויס די קלײנע ים־בעלי־חיימלאַך. זײ באַפֿאַלן דעם ראַק פֿון הינטן און קענען ניט זעלטן ניט צעטײַקן זײער גרויסן שונא.

וואָס ווײַזט מיט דער ראַק? ער געפֿינט ערגעץ וואו א ליידיקן מושל און קריכט אין אים אַרײַן. זײַן הינטערלײַב איז אינגאַנצן פֿאַר־באַהאַלטן אין מושל, נאָר פֿון פֿאָרנט שטעקט ער אַרויס די מוראדיקע צווײַנג. איצט האָט ער שוין פֿאַר קײנעם ניט מורא!

אָט אַזוי שווימט אַרום איבער די ימים דער

געפאנצערטער ים=רויבער און שלעפט אויף זיך א פרעמדן מושל.

## ים=רויבער—גוטע חברים.

דער ראק קען פראנק און פריי אריבערגיין פון ארט צו ארט. ס'פארשטייט זיך, אז בעת דער ראק וואנדערט ארום איבער די ים=וואסערן שלעפט ער מיט זיין מושל.

איז אבער דא א סכנה.

דעם ראקס קערפער פארנעמט ניט די גאנצע עפענונג פון מושל. ס'בלייבט איבער א קליין שפעלטעלע, דורך וועלכער ס'קענען זיך פארגנבע־נען אין מושל דעם ראקס קליינע שונאים. דאס איז פארן ראק א לעבנסגעפאר און דערצו טאר ער ניט דערלאזן.

וואס זשע טוט ער?

ער האט א גוטן חבר, אויך א ים=רויבער, ווי ער אליין. דאס איז די ים=רויז. האבן זיי ביידע א שותפות געמאכט. די ים=רויז באזעצט זיך

אויפֿן ראַקס מושל און װאַרטט, אַז קײנער זאָל
חלילה ניט אַרײַן אַהינצו. זי הרגעט קלײנע
בעלי-חײמלאַך און טײלט די רויב מיטן ראַק.



2. דער ראַק-דערגײער אין א מושל. אויפֿן מושל א ים-רויז.

פֿאַר די אַלע מעשים-טובֿים שלעפּט דער ראַק דעם
מושל צוזאַמען מיט דער ים-רויז איבער די װאַ-

סערן פון ים. דאָס איז א גרויסע טובה פאר דער ים-רויז, ווייל אליין קען זי בשום אופן ניט אריבערגיין פון איין אָרט אויפן אנדערן.

אָט אזוי לעבן זיך אין ים צוויי רויבער, צוויי גוטע חברים—די רויז און דער ראק. זיי האָבן פלומרשט א יד-אחת געשלאָסן. א פנים די שווערע נויט האָט זיי דערצו געצוואונגען.

## IV. אוצרות אויפן ים גרונט.

### צוויי קרובישע שוואָמען—פון ים און פון טייך.

איר האָט אוודאי ניט איינמאָל געזען, ווי מען נעמט ארויס פון א טייך אָדער אָזערע א צווייג אָדער א שטיק האָלץ. דאָס האָלץ איז נאַס, ערטערווייז צופוילט און וואו ניט וואו באַמערקט איר קליינע, חייבע, געלגרינע בערגעלאך, וואָס האלטן זיך פעסט אין האָלץ.

גישט קיין פשוטע בערנעלאך בלאטע זיינען דאס, נאר לעבעדיקע ברואימלאך, וואס פרעסן אנדערע בעלי-חיימלאך, קלענערע פון זיי.

## דאס זיינען טייך-שוואמען.

זייער קערפער האט פיל שפרונקעלאך און רערעלאך דורך וועלכע דער וואסער גייט שטענדיק אריין און ארויס. אינאיינעם מיטן וואסער גייען אויך אריין די קליינע ברואימלאך, וואס מיט זיי שפייזט זיך דער טייך-שוואם.

דער טייך-שוואם האט א גאנצן קרוב, וואס איז ווי א טראפן וואסער געראטן אין אים. דאס איז דער **ים-שוואם.**

אמת, ער איז פיל גרעסער איידער זיין ברודער פון טייך, נאר זיין קערפער, זיין לעבן און זיינע מנהגים זיינען דיזעלביקע.

כמעט אין אלע ימים זיינען פאראן ים-שוואמען, אמערסטן האבן זיי ליב א טיפן-טיפן ארט,

וואו זיי וואקסן צו צו א אונטערוואסערדיקן פעלז.

דער הייכער קערפער פון די שוואמען, וואס איז געראטן אין א פייכטן שטיין האט אינגע-נומען הארטע טיילן. ווען מען נעמט ארויס א שוואם פון וואסער טריקנט אויס אט דער שטאף, בלייבן נאר די הארטע טיילן, דעם שוואמס סקעלעט.

קויפט זיך אמאל צו צו א שוואם, וועלכן מיר באנוצן צו וואשן זיך, דאס איז טאקע נאר דער סקעלעט פון א מין ים-שוואם, וואס לעבט אין די ווארימע ימים. אמערסטן געפינט מען די שוואמען אין מיטללענדישן ים, ביי די ברעגעס פון גריכנלאנד און קליין-אזיע.

מיט זוכן שוואמען פארנעמען זיך מ׳רוב די גריכן און אראבער. אין תמוז, ביי א רואיקן וועטער, לאזן זיי זיך אויף קליינע שיפעלאך אין ים ארײַן.



3. א דיאמאנטן-טויכער אויפן גרונט פון ים.

דאָס וואַסער איז דורכזיכטיק, מען זעט דעם גרונט און וואו ניט וואו גרויסע שוואָמען־משפחות.

נאָקעט מיט א קאָש ביים גאַרטל און א מע־סער אין האַנט, וואַרפן זיך די שוואָמען־יעגער אין ים אַריין, זיי רייסן אָן א פולן קאָש און שווי־מען אַרויף צו דער שיף.

די לעבעדיקע שוואָמען דריקט מען אויס, מען טריקנט זיי אויף דער זון, שפעטער וואַשט מען זיי און מען באַקומט דעם ריינעם סקעלעט פון שוואָם.

אָט מיט דעם סקעלעט וואַשן מיר זיך.

# ווי אזוי ים־זעמדעלאַך פאַרוואַנדלען זיך אין שיינע פערל.

ביי אונז אין די טייכן געפינען מיר צוויי מינים מושלס: נעדריקע און אויסגע, וואָס עפענען זיך, ווי א שאַכטעלע. דאָס זיינען צוויישיסלדיקע מושלס.

קלײַבט איך אַביסל צװײשיכלדיקע מושלים און איר װעט אָן ספֿק באַמערקן, די אַנדערע פֿון זײ פֿינקלען און שימערירן מיט די שענסטע פֿאַרבן און קאָלירן. אַט זײַנען זײ באַזילבערט, אַט — העלראָז דאָ פֿינקלען זײ מיט אַ גרינעם װאַסער־קאָליר דאָ זײַנען זײ װײַס, װי מילך.

פֿאַרװאָס פֿינקלען אַזױ די מושלים?

װײַל אינעװײניק זײַנען זײ באַדעקט מיט פּערלמוטער. יע, מיט פּערלמוטער, װעלכער איז אַרױס פֿון דעם מײערקעפּיגן קערפּער, װי אַ שטײנער פֿון אונזער קערפּער, דער שװײס.

די מושלים פֿון אונזערע טײַכן האָבן נאָר קנאַפּ פּערלמוטער. אַנדערש זײַנען אָבער די מושלים פֿון די װאַרימע ימים. אַנדערע פֿון זײ זײַנען אינעװײניק אױסגעלײטנט מיט אַ דיקן שיכט פֿון טײַערן פּערלמוטער. אַט פֿון די פּערל־מושלים מאַכט מען מאַכן קנעפּ, מעסערלאַך און בראָשקעס.

דאָס איז נאָך אָבער אַלץ גאָרניט.

ס'טרעפֿט אַמאָל, אַז אַ קלײן זעמדערלע פֿאַלט



4 א געעפנטער פערל-מושל מיט קליינע פערלאך.

נאָר הײַנט אָבער פֿאַרנעמט מען זיך דערמיט במעט אין אַלע װאַרעמע ימים.

דאָס איז אַ שװערע און סכּנהדיקע אַרבעט!

פֿאַרנאַכט, װען די היץ װערט שװאַכער, לאָזן זיך אַרױס אין ים אַרײַן שיפֿלאַך מיט די פּערלזוכער. אין יעדער שיפֿל זיצן אַ 10—12 נאַקעטע מענטשן. זײ אַרבעטן זאַלבעצװײטן: אײנער װאַרפֿט זיך אין װאַסער, דער אַנדערער שלעפּט אים אַרױס.

קוקט זיך צו, װי אַזױ זײ אַרבעטן, די פּערלזוכער. אַט לאָזט זיך אײנער אַראָפּ. װאָס פֿאַר אַ מאָדנע אױסזען האָט דער מענטש. אַרום גאַרטל אַ שטריק, אַ לאַנגע, אַ שטײן אױף דער שטריק, אױפֿן האַלדז אַ זעקל, אַ מעסער אין האַנט...

אַט איז דער מענטש פֿאַרשװאונדן. איך צײל די רגעס... װוּ איז ער דאָרט אָן לופֿט?

אַ מינוט גײט אַריבער, און נאָך אַ מינוט

דער מענטש פון שיפל שלעפט ארויס די שטריק. אט הויבט זיך דאס וואסער. א קאפ באווייזט זיך. א בלייכער פנים, גרויסע אויגן. ער לעבט!

מיט א ברייט געעפנטן מויל אטעמט ער אריין די לופט און קריכט אריין אין שיפל. ביי אים אין זעקל איז א הויפן פערלמושלס. אפטמאל פאלט דער פערלפישער א פארחלשטער אויפן שיפל, בלוט רינט אים פון נאז.

יא, א ביטערע שווערע ארבעט איז דאס.

זי גראבט אונטער דעם געזונט פון די פערל־זוכער און זיי שטארבן געווענלעך יונגערהייט.

פארוואס זשע נעמען זיי זיך צו אזא מלאכה?

די אינדיאנער פון יענע קאנטן זענען זייער ארים, דער שווערער דחות צווינגט זיי זיך צו פארדינגען צו באלעבאטים, וואס שיקן זיי אין ים אריין נאך פערל. די גאנצע פערל געהערט צו די באלעבאטים.

וועט איר אמאל זען א טייערן שיינעם פערל,

דערמאָנט זיך, אַז אים האָט אַן אָרימער פּױערל־
ווײַבער פֿון מיטן ים אַרויסגעשלעפּט.

---

# V. אין דער מלוכה פֿון פֿיש.

ווי אַזוי הערינג וואַנדערן איבער די ימים. די פֿייגלען אויף דער יבשה זײַנען די בעסטע־פֿליִער, די פֿיש אין די ימים—די שנעל־סטע שווימער. ס'איז ניט קיין וואונדער, וואָס די פֿיש מאַכן ריזיקע נסיעות, אָפּטמאָל וואַנדערן זײ אין אומגעהײַער גרויסע מחנות. דאָס נוצט מאַכן אויס דער מענטש, און כאַפּט זײ אין די נעצן.

צו די וויכטיקסטע וואַנדער־פֿיש געהערן אָן ספק די הערינג. אַ גאַנץ יאָר לעבן זײ אָפּגעזונדערט אין די טיפֿע ימים. נאָר אַז קומט סוף ווינטער, ווען מען דאַרף נעמען זאָרגן פֿאַר די קומענדי־קע דורות, די צײַט פֿון לײגן אײעלאַך־בײנ.

דאַן קלײַבן זיך אויף די הערינג אין ריזיקע

מחנות און לאָזן זיך װאַנדערן צו די ברעגעס פֿון ים. דאָ װאַרטן שױן די פֿישער. מיט אומגעדולד קוקן זײ אױף דעם אָנקומען פֿון די הערינג, זײ שטעלן אָן די נעצן און כאַפּן מיליאָנען פֿון די פֿיש.

אַזעלכע מחנות, װאָס אין איטלעכן פֿון זײ — איז דאָ מער הערינג, אײדער מענטשן אין גאַנץ פּױלן און ליטע, באַװײַזן זיך פֿון יאָר צו יאָר בײַ די ברעגעס פֿון נאָרװעגיע און ענגלאַנד.

שװער איז זיך פֿאָרשטעלן אָט דעם משונהדיקן בילד פֿון ריזיקן פֿיש־חיל. זײ באַדעקן דעם ים אױף מײַלן אין דער לענג, אױף מײַלן אין דער ברײט, אױף מער פֿון צען קלאַפֿטער אין דער טיף.

כ'איז אַ סכּנה פֿאַרן לעבן אַרײַנצופֿאָרן מיט אַ שיפֿל צװישן די פֿיש. אַ רודער, װעלכן מען שטעקט אַרײַן צװישן די הערינג, בלײַבט שטײן גלײַך, פּונקט װי מען װאָלט אים אַרײַנגעשטעקט אין דער ערד. אַזױ געדיכט גײען זײ, די הערינג!

ווען ס'קומט די צייט פון הערינג כאפן, ווערן
אלע ברעג־איינוואוינער שטארק אויפגעלעבט.
דער קלענסטער פישער־דארף און נאריטשקע האט
א טעלעגראף און אלע, פון קליין ביז גרויס,
ווארטן אויף די גוטע בשורה, אז און דעם און
דעם ארט האבן זיך באוויזן די הערינג.

דער ים־ברעג, וואס איז א גאנץ יאר וויסט,
ווי א מדבר, ווערט פיל מיט לעבן און רעש.
הונדערטער גרויסע שיפן און פישער־שיפלאך
גרייטן זיך צום אפפאר, ס'קומען אן סוחרים,
בעלי־מלאכות, ארבעטער. יעדער איינציקער ווילט
אנטייל נעמען אין דער ארבעט, עפעס צו פארדינען.

אלע רעדן און טראכטן נאר וועגן הערינג, די
זקנים באטראכטן רואיק די הכנות פון די יונגע
און אין די לאנגע אוונטן דערציילן זיי פאר די
יונגווארג מעשיות פון אמאליקע צייטן, די פרויען
און מעכטער פארריכטן די וועלטן און נעצן

אפילו די קינדער, וואָס העלפֿן אויך ווי זיי קענען, און שטייען נאָר וועגן הערינג. אַלע האַרטן, אַלע אַרבעטן, אַלע הערצער זײַנען פֿול מיט איין געדאַנק, מיט איין האָפֿענונג. אַז ס׳טרעפֿט זיך צווישן שכנים, פֿרעגן זיי:—„נו, ווי איז היינט די פֿיש?“—

נאָר אָט קומט שוין אָן די גוטע בשׂורה. פֿון דער ווייטן, אויף וויפֿיל די אויג קען נאָר כאַפּן, פֿינקלט און זילבערט זיך דער ים פֿון די ריזיקע הערינג־תּילות. פֿון ים־גרונט ביזן אויבער־פֿלאַך איז אַלץ פֿול מיט פֿיש און צענדליקער טויזנטער פֿון זיי ווערן אַרויסגעשפּאַרט אונדער־הויך, ווײַל ס׳איז נישטאָ פֿאַר זיי קיין אָרט אין וואַסער.

## די אזוי איין ים־רויבער שווימט נאָכן אַנדערן, און דער צווייטער באַגלייט דעם דריטן.

צוזאַמען מיט די הערינג באַוועגן זיך אַנדערע־בעלי־חיים. וואָס טוען זיי דאָ? ווייסן מיר דאָך,

אז אין ים, ווי אין דער גאנצער נאטור, נעמט א
פארביסענער קאמף צווישן אלע באשעפענישן.

צוזאמען מיט די הערינג קומען אן ווייערע
דם-שונאים, די **דראשן-פיש** און בלי א סארטן
פויגלען, אז די דראשן כאפט מען מאקע אינ-
איינעם מיט די הערינג, ווייל דער מענש בא-
ניצט זיי אלס שפייז.

אבער די דראשן אליין זיינען אין א גרויסער
סכנה. נאך זיי שווימען נאך די רויבקע **הייפישן**.

ס'טרעפט אמאל, אז מען כאפט א הייפיש גע-
פינט מען ביי איהם אין מאגן א דראשן; שניידט
מען אויף דעם 'דראש'—געפינט מען א קליין
הערינגל.

די דראשן, די פויגלען און אנדערע רויבער
פון ים פארניכטן א גוזמא הערינג, מיליאנען
מאל אזוי פיל, אידער ס'פארניכטן אלע מענשן
צוזאמען.

איז דאָך א וואונדער, ווי אזוי לעבן נאָך די הערינג? ווי ווייסן זיי נאָך ניט פאַרשוואונדן פון דער וועלט?

נאַנין פשוט!

האָב מער שונאים האָט דער פיש, אלין מער לייגט ער אייעלאך. א געווינלאכער הערינג לייגט 25 טויזנט אייעלאך. ס'זיינען פאראן אזעלכע פיש, וואָס יעדער איינציקער פון זיי לייגט ביז 150 מיליאָן אייעלאך!

די צוגוישנעקלעפטע אייעלאך היטט מען רויגן.

א גליק, וואָס די ים-בעלי-חיים עסן דעם רויגן, וועלכער ווערט פון זיך קאליע, אויך דאס, וואס דער מענש באנוצט עס, ווייל אנדערש וואלטן אלע ימים אָנגעשטאָפט געוואָרן מיט פיש, ס'וואָלט געווען ניט אַדורכצופאָרן!

איצט ווייסן מיר וואָס פאר אַ טייערע פיש איז די הערינג, א שפּיז פאר מיליאָנען מיליאָנען

מענטשן, אַ מזל-ברכה פֿאַר טויזנטער פֿישער משפּחות.

## דער הײַפֿיש—דער מענשנפֿרעסער און זײַן קלײַן חברטע—די רודערפֿישל.

דער הײַפֿיש איז דער גרויזאַמסטער רויבער פֿון אַלע ימים, אַ פֿאַרביסענער גזלן, וואָס עסט ניט נאָר אַנדערע פֿיש, נאָר אַפֿילו מענטשן.

דאָס איז אַ ריזיקער ים-פֿיש, זי דערגרייכט ביז 15 אַרשין אין דער לענג, דאָס הייסט זעקס מאָל אַזוי פֿיל, איידער אַ דערוואַקסענער מענטש.

די הײַפֿישן זײַנען שטאַרק, בלוטדורשטיק און דערצו גרויסע בעלי-העזהניקעס. איר קענט זיי שלאָגן און טרײַבן און שרעקן, נאָר זיי מאַכן זיך דערפֿון גאָרניט און שווימען וואָכן-לאַנג נאָך אַ שיף.

זייער מזל איז גרויס, ווי אַן אמתע גנב. ער

ער האלט 3 ארעין און ארומגעם און איז בא־וואפנט מיט 6 ריזעס שארפע רויבערשע צײן.

די הייפישן שפײַן זיך מיט ים־הונט, און כל המינים ים־פיש, בעיקר דראַטן, בשעת אַ רוחק און שפײַז עסן זײ אפטמאָל מיטערקעפלאַך אָדער וואַרפן זיך אַמנגער אויפן אַנדערן. ניט קײן חידוש, האָב אזא פיש וואַרפט אַ פחד אויף די אַרומיקע ים־פיש און אפילו אויפן מענטשן גופא.

צו אַלע זײַנע מעלות איז דער הייפיש אײנער פון די גרויסטע חיות. דער־בער איז איבט מאַקע ליבט צו טאָפן. אויף אַ רוינק האָט מוט מען אָן אַ שטיק פלייש אָדער אַ גרויסן פיש. דעם האָט באַפעסטיקט מען צו אַ קייט און די קייט צו אַ דיקער שטריק.

אויב דער הייפיש איז װײַער זאַט, גײט ער אַ פּאָר מאָל צו צו די פלייש, באַשמעקט און באַקוקט עס פון אַלע זייטן און גײט אַװעק.

די מאַטראָסן פֿון שיף װײַסן אָבער מיט װאָס פֿאַר אַ גפֿש זײ האָבן אַן עסק. בשעת דער זאַמער הייפֿיש שמעקט אַרום די פֿעטס, דערלאַנגען זײ אַ שלעפּ פֿאַר דער שטריק און די פֿעטס דערװײַטערט זיך פֿון הײַפֿיש. דער גיריקער ים־רויבער קען עס ניט דערלאָזן. ער װאַרפֿט זיך אויפֿן געשמאקן מאכל און פֿאַלט אַרײַן אויפֿן האָק. דערשפּירנדיק דעם אײַזן, פּרובירט דער הײַפֿיש איבערבײַסן די קייט מיט זײַנע פֿעסטע ציין, דאָס ניט זיך אים אָבער װעלן אײַן. די מאַטראָזן שלעפּן אים אַרויף אויפֿן שיפֿדעק, װאו מען נעמט פֿון אים אַראָפּ זײַן פֿעל, און פֿון זײַן קערפּער — דעם שמאַלץ.

ס׳טרעפֿט אַמאָל, אַז דער הײַפֿיש בײַסט איבער די קייט און שװימט אַװעק אין ים אַרײַן מיטן האָק אין מויל. אַזעלכע הײַפֿישן האַלטן זיך נאָענט

פֿון ברעג און וואַרפֿן אָן אַ שטיק אויף די אַרו־
מיקע מענטשן.

אמן אַזאַ הײַפֿיש איז אַ גאַנצן זומער געשוואו־
מען לעם ברעג און אויסגעקוקט, מאָטער באָדן
זיך ערגיץ וואו קינדער. צום גליק האָט ער קיי־
נעם ניט געכאַפּט. אַ גאַנצן זומער האָט דאָס
דאָרף געלעבט פֿון דעם דאָזיקן הײַפֿיש. מען האָט
פּרובירט אים כאַפּן אויף אַ האָק, שיסן אין אים,
אָבער אַלץ אומזיסט. סוף כּל סוף האָט מען זיך
פֿאָרט אַן עצה געגעבן. אויף אַ האַק האָט מען
אָנגעטאָן אַ גאַנצן חזירל און בשעת דער הײַפֿיש
האָט זיך אַרויסגעשטעקט פֿון וואַסער, כּדי צו
דערשלינגען די רויב, האָט אַ קויל אַ דורכגעלע־
כערט זײַן קאָפּ.

אַ גרויסע פֿרייד, אַ יום־טוב איז דאָס געווען
פֿאַרן גאַנצן דאָרף. מען האָט דעם רויבער
אַרויסגעשלעפּט. אין זײַן מויל האָט מען געפֿונען א

האָט מיט אַ פּאַרושאָוועטער קמע. און אין זײַן מאָגן — אַ שטיק אײַזן, אַ שרויף, אַ שוך-קנאָפּל און פֿיל קלענערע מעטאַלענע זאַכן.

דער הײַפֿיש האָט אַ חבֿרטע — אַ קליין בלוי פֿישל. זי שווימט תּמיד פֿאַראויס, און דער הײַפֿיש — נאָך איר. דערפֿאַר האָט מען איר אַ נאָמען גע-געבן **פֿירערפֿישל**.

די פֿירערפֿישל האָט אַ שאַרפֿע ראיה און אַ גוטן חוש-הריח. זי דערשפּירט די רויב פֿון דער-ווײַטן און פֿירט אַהינצו דעם הײַפֿיש. דערפֿאַר טײלט דער הײַפֿיש אַלע מאכלים מיט זײַן חבֿרטע.

אַזוי לעבן זיך בשלום דער גרויסער ים-רויבער — דער הײַפֿיש און זײַן שותּפֿטע, די קליינע בלויע פֿירערפֿישל.

## IV. ים־ריזן.

**דער וואַלפֿיש—די גרעסטע פֿון אַלע חיות.**—אמת! דער וואַלפֿיש איז אַ חיה, כאָטש פֿיל מענטשן האַלטן אים פֿאַר אַ פֿיש. נאָר דאָס איז אַ טעות. אַ פֿיש לײגט דאָך ראָגן און אָטעמט מיט זשעברעס. דער וואַלפֿיש אָבער אָטעמט מיט לונגען און זײַנע קינדער גיט ער זײגן מילך. דער וואַלפֿיש געהערט מאַקע צו די זויג־חיות, ווי אַ שטײנער, אַ הונט, אַ פֿלעדערמויז אָדער אַ העלפֿאַנט.

דער וואַלפֿיש איז די גרעסטע פֿון אַלע חיות אויף דער ערד. שווער איז זיך פֿאָרצושטעלן אָט דעם ריז, וואָס שווימט איבער די אומבאַגרענעצטע ימים.

שטעלט אײַך פֿאָר אַ 50 אָקסן, אַלע צוזאַמען וועלן זײ זײַן אַזוי דיק, ווי דער וואַלפֿיש.

זײַן לענג דערגרייכט ביז 15 קלאַפֿטער, דאָס איז העכער פֿון אַ פֿירשטאָקיקן מויער.

היינט דערלאַנגט אַ טראַכט װעגן זײַן װאָג. װעגן װעגט דער װאַלפֿיש פֿון 6 ביז 8 טױזנט פֿונט. נעמט 2500 עלטערע מענשן, װעלן זײ אַלע צוזאַמען זײַן אַזױ שװער, װי אײן װאַלפֿיש.

## די װאונדערבארע אײנאָרדנונג פֿון װאלפֿישס קערפּער.

דער װאַלפֿיש איז אַ גוטער שװימער. דורכ־מאכן 20 װיאָרסט אין אַ שעה איז פֿאַר אים אַ קלײניקײט. װען ער איז איבערגעשראָקן אָדער פֿאַרװאונדעט אַנטלױפֿט ער אַזױ האַסטיק, אַז די שנעלסטע שיף קען אים ניט דעריאָגן. אָבער לאַנג זײַן אונטערן װאַסער קען ער ניט, װײַל ער איז פֿאָרט ניט קײן פֿיש, נאָר אַ זױג־חיה. פֿון צײַט צו צײַט מוז ער אַרױפֿשװימען אױפֿן אױבערפֿלאַך פֿון װאַסער און אַרײַנאָטעמען לופֿט.

װען דער װאַלפֿיש שװימט אַרױף אינדערהױך רײניקט ער קודם כּל אױס זײַנע נאָזלעכער.

אין די נאָזלעכער פֿאַרקלײַבט זיך וואַסער, וועל-כע דער וואַלפֿיש בלאָזט אַרויס מיט אַזאַ מורא-דיקער קראַפֿט, אַז זי צעפֿליט זיך אין מיזינטער טראָפּנס. דאָס זעט אויס ווי אַ פֿאָנטאַן, וואָס שלאָגט אויף 2, 3 קלאַפֿטער אין דער הויך.

ווען די נאָזלעכער זײַנען רײן פֿון וואַסער קען שוין דער וואַלפֿיש אַרײַנאָטעמען לופֿט. דאָס בלויזע אַרײַנגעמען לופֿט אין זײַנע גרויסע לונ-גען דויערט ביז אַ פֿערטל שעה.

מאָרגנס איז אײַנגעאָרדנט דער גאַנצער קער-פּער פֿון וואַלפֿיש.

ער איז באַדעקט מיט צוויי פֿעלן, אונטער בײדע פֿעלן גײט אַ דריטע, וואָס באַשטײט פֿון פֿליסיקן שמאַלץ און דאַן אַ פֿערטע פֿעל—פֿון האַרטן שמאַלץ. דער וואַלפֿיש איז אַזוי ווי אײַנגע-הילט אין פֿיר וואַרעמע קאָלדרעס.

גאָר דאָס וואונדערבאַרסטע בײַם וואַלפֿיש איז זײַן שרעקלאַכער מויל.

דאָרט קענט איר אַרײַנשפּאַצירן מיט אײַערע חברים, דאָרט קען אַ גרױסע שפּיל אונטערנעמען מיט די מענטשן פראַנק און פרײַ אַרײַנפֿאָרן. װי אַ גרױסע גרוב איז דאָס װאַלפֿישס מױל, װי אַ מוראדיקע פּײל.

הײַנט װאָס פֿאַרא צײַט דאַרף האָבן אַזאַ טיבורון?

נאָר בײַ אַנדערע װאַלפֿישן אַנשטאָט צײן הענגט אַראָפּ פֿון אײבערשטן גומען אַ גאַנצער װאַלד מיט צװײַגן, דאָס איז דער „פֿישבײן“, דער באַרימטער פֿישבײן, װאָס איז באַנוצן דאַמען־שנײַדער.

ער הענגט אין לאַנגע פּאַסן, װאָס צײַגן פֿון אײבן דיק און האַרט און פֿון אונטן דין, װי הערעלאַך. די צאָל פּאַסן פֿון פֿישבײן דערגײט ביז 8 הונדערט, זײ װעגן אַ 80 פּוד און די גרעסטע פֿון זײ האָבן אָפֿט אין דער לענג ביז 2 קלאַפֿטער. דאָס איז פֿיל העכער פֿון אַ הױפּשן בױמל.

צו איז עס ניט אַ וואונדער, וואָס דער וואלפיש דאַרף שטענדיק שלאָפן אין מויל אַ 80 פודיקע-משא?

נײן, אין דעם איז דאָ אַ שכל.

הגם דער וואלפיש איז די גרעסטע פון אלע חיות, מוז ער זיך שפּײזן מיט די קלענסטע ים-ברואים. אין זײן מויל קען מאַכן שטײן דער העכסטער מענש, אָבער זײן קעל איז אַזוי שמאָל, אז דורך איר וועט צומאָל ניט אַדורכגײן אַ קינדערשע האַנט.

מוז זיך מאַכן דער וואלפיש גוט היטן. פאַר אים איז אַ סכנה, אַז אַ גרעסערער בעל-חי זאָל צו אים אין מויל אַרײן, ער וועט זיך לײכט דערווערגן.

דער וואלפיש מוז זײן אַ גרויסער אויסקלײבער אין עסן. ער מוז זיך שפּײזן נאָר מיט די קלײנינקע ים-ברואים. ער מוז ניט אַדורכווישן זײן שפּײז..

האָט ער מאַכן אַ זופּ, ווי ס'פּאַסט פֿאַר אזא רבין, אַ זופּ פֿון 60 פֿוד.

## דער גרייסער וואַלפֿיש קען זיך ניט קיין עצה געבן מיט זיינע קליינע שונאים.

פֿון לאַנג אָן הרגעט דער מענש די וואַלפֿישן צוליבן זייער פֿישביין און שמאַלץ.

ווינטער שיפֿן לאָזן זיך אין די קאַלטע ימים אויף יאַגד נאָך די ריזן.

צוויי מאַטראָסן קלעטערן אַרויף אויף די הויכע מאַסטבוימער פֿון שיף; זיי קוקן אין אַלע זייטן און ווי נאָר זיי דערזען אים: „אַ פֿאָנטאַן!" ווערט אויפֿן שיף אַ טומל און אַ לויפֿעניש.

אַבליק לאָזט מען אַראָפּ אַ קליין שיפֿל מיט אַ פּאָר מענשן. פֿון פֿאָרנט שטייט אַ מאַטראָס מיט אַ פֿייל שפּיציקן אייזן אין האַנט. דאָס איז

דער „הארפון”, מיט וועלכן מען הרגעט די ריזן.

די שיפל מוז צופאָרן נאָנט צום וואַלפיש, ווײַל אַנדערש קען מען ניט וואַרפן דעם הארפון.

פאָרזיכטיק ארבעטן די מענשן. קיין וואָרט לאָזט זיך פון זיי ניט הערן, קיין קלאַנג, קיין פּלושקע פון וואַסער.

דער וואַלפיש האָט שאַרפע חושים און ווײ איז צו די מענשן אויב דער ריז וועט דערשפּירן די סכנה, ער קען איין מאָל מאַכן מיטן עק און פון שיפל מיט די דרייסטע מענשן וועט קיין זכר ניט בלײַבן.

נאָר די מענשן זײַנען געניבט: זיי טוען ווײַטער זייער ארבעט.

יאָר איין יאָר אויס הרגענען אוים די מענשן זייער פיל וואַלפישן.

אויך אַנדערע צרות האָט דער וואַלפיש.

עס פֿעלן ניט קיין ים־בעלי־חיים, וואָס דערהאַנגן זיך אָנצופֿאַלן אויפֿן יבשה.

אָפּטמאָל נעמען זיך צונויף א צענדליק הייפֿישן, זיי באַפֿאַלן דעם וואַלפֿיש, יאָגן אים נאָך און רייסן אַרויס פֿון זיין קערפּער לעבעדי־קע שטיקער פֿלייש.

ניט וויניק ליידט אויך דער וואַלפֿיש פֿון זיינע איי־גענע קלענערע ברידער, וואָס זיינען באַוואָפֿנט מיט ציין.

אַז אַ חיה האָט פֿיל שונאים און זי קען זיך מיט זיי קיין עצה ניט געבן, ווערט זי ביסלאַכ־ווייז פֿאַרשוואונדן.

אָט אַזוי שטאַרבן אויס די וואַלפֿישן, די ריזן פֿון אונזערע ימים. —

זיי ווערן אַלץ קנאַפּער און קנאַפּער און ווער ווייס, ס'איז אפֿשר נאָנט די צייט, ווען מען וועט

מעשיות דערציילן, מעשיות פֿון די אמאָליקע צײַטן, ווען אין די ימים האָבן וואַל־פֿישן געלעבט.

א פנים, אַז אין שווערן קאַמף, וואָס פֿירן אלע באַשעפֿענישן אין דער נאַטור, איז ניט שטענ־דיק בעסער דעם גרעסטן.



